# היטלער׳ם חלום

פערפאַסט פון

ב. מאָרגענשטערן



באַיקאָטירט היטלער׳ס דייטשלאַנד

## היטלער׳ס חלום

ליגט היטלער און שלאָפט
אויף אַ שיינעם ווייכען דיוואַן
און עס חלומ׳ט אים אַ חלום
ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ כוליגאַן:

„אַ גרויסער גאַסט איז געקומען
פון יענער וועלט צופליען,
פאַרנייגט זיך מיליטעריש,
טוט פאַר היטלער׳ן קניען.

המן:

„העלאָ, היטלער, העלאָ!
זיי באַגריסט פון מיין זייט;
איך קום צו דיר איצט
צופליען פון גאַנץ ווייט.

„מיט דיין נאָמען קאַנצלער
דיר צו גראַטולירען —
פיליכט נויטיגסטו זיך
אין מיין ראַט ווי זיך צו פירען.

„האָסט געמיינט אַז המן, דיין פריינט,
איז שוין לאַנג טויט,
דאָך דער גייסט מיינער לעבט,
צו העלפען דיר בין איך גרייט.

„איבערהויפּט ווען עס גייט
וועגען טויטען אידען —
דאָס איז דאָך מיין פאַך
פון וועלכען איך בין צופרידען.

„אַלזאָ, גוטער ברודער, הער
וואָס איך וועל דיר ראַטען:
גוט טוסטו, שטראָפירענדיג עלטערן
פאַר דעם זוהנס טהאַטען.

„דעם פאַטער הייסטו לעקען
דעם זוהנס בלוט ;
דאָס איז זייער אַנשטענדיג,
קולטורעל און גוט.

„שלאָג זיי, ממית די אידען,
וואָס מער און וואָס מער;
קאַטעווע, פּאַסעווע,
ווען זיי לאָזען אַ טרער.

„רעכען זיך אָפּ מיט מיינע הענקער,
שטראָף זיי, מיינע שונאים,
פאַר פירען מיר צו דער תליה
אינאיינעם מיט מיינע צען בנים.

„אויף זיי טאָר מען ניט
קיין שום רחמנות האָבען.
אויב דו קענסט דאַרפסטו
זיי לעבעדיגערהייד באַגראָבען.

„גוט וואָס דו לאָזט ניט
זיי פון לאַנד אַרויספאָרען.
האַלט זיי, די אידען, ביי זיך,
דערגיי זיי ביי דיר די יאָרען.

„קאָנפיסקיר זייער פאַרמעגען,
נעם צו זייער ביסען ברויט,
צווינג כאָטש אַ טייל פון זיי
מאַכען זיך אליין דעם טויט.

„פונדעסטוועגען, מיין פריינט,
הער אוים מיין ראַט,
זיך היטען פאַר זיי
וואָלט דיר גאָרניט געשאַדט.

„זעסטו ווי זיי קענען
אויפרודערען די וועלט,
באַרגען דיר איצט
וויל קיינער קיין געלט“.

## ענטפערט היטלער:

„וועגען מיר קענסטו זיין
רוהיג, המן מיין קאַמעראַד,
איך היטלער, וועל אויספירען
מיין אונטערנעמונג אַקוראַט.

„מיך אַרט ניט באַיקאָטען,
מיך אַרט ניט פּראָטעסטען,
טאָן וועל איך דאָס
וואָס מיר געפעלט אַמבעסטען.

„שלאָגען, טויטען אַלע אידען,
שטיל זיי פּאָגראָמירען —
מעג די גאַנצע וועלט האַלטען
אין איין פּראָטעסטירען.

„די בעסטע, גרעסטע
געלערנטע פון מיין לאַנד,
אַלע אַרויסגעטריבען
און געמאַכט זיי צו שאַנד.

„זייערע ביכער פאַרברענט,
צעשטערט זייער בעסטע קולטור —
פון זייערע שרייבערייען
בלייבען זאָל ניט קיין שפּור.

„אַך, אַך די אידען,
זיי שטייען מיר אין וועג ווי אַ דאָרן —
דאַנער וועטער נאָכאַמאָל“ —
און איז ווידער אַנשלאָפען געוואָרען.

## פּרעה קומט אָן

## היטלער:

„זיי ווילקאָמען, פּרעה,
פון מצרים מעכטיגער קיסר,
איך ווייס אַז דו ביזט
אַן אַנטיסעמיט אַ גרויסער.

„געשלאָגען, געפּייניגט האָסטו אידען,
געשונדען פון זיי די הויט,
געשלעפּט פאַר דיר ציגעל,
פּיראַמידען פאַר דיר געבויט.

„דאַרום, גרויסער הערשער, זאָג מיר
אויב מיין פּלאַן דיר געפעלט.
איך וויל אַלע אידען, דאַנערוועטער,
אַפּראַמען פון דער גאַנצער וועלט".

## פּרעה׳ס ענטפער:

„הער אויס, היטלער,
גוטער ברודער, מיין עצה;
איך ווייס זיי זיינען ביי דיר
ווי אַ האָרב אויפ׳ן פּלייצע.

„איך ווייס דיין ווילען —
אַלע אידען צו באַגראָבען —
נאָר איך האָב מורא
וועסט קיין גוטס פון זיי ניט האָבען.

„אַלס ביישפּיל נעם מיר,
איך האָב זיי געהאַלטען פעסט,
זיי זיינען ביי מיר געוועזן
ווי אין צוואַנגען איינגעפּרעסט.

„קיין שום פרייהייט ביי מיר
האָבען זיי ניט געהאַט,
קיינמאָל ניט געטרונקען
און געגעסען צו זאַט.

„נאַר געאַרבעט ביי ליים
און ציגעל שווער און בימער ;
מיינע אויפזעער פלעגען
זיי פייניגען מיט ריטער.

„פיל פלעגען פון שווערע אַרבעט
פאַלען ווי די פליגען ;
פלעגען זיי פון מיינע אויפזעער
נאָך מער שמיץ קריגען.

„איך האָב זיי שוין פאַררעכענט
פאַר מיינע אייביגע שקלאַפען,
ווער האָט זיך געריכט
זיי זאָלען מיר אַזעלכע צרות פאַרשאַפען.

„געקומען איז משה,
זייער אויסלייזער,
אָנגעפאַנגען צו מיר ריידען
גאָר ניט ווי צו פרעה דעם קיסר.

„גאַנץ מצרים וועט געדענקען
אויף זייער גאַנצען לעבען,
איך וועל דיר צרות פאַרשאַפען
און צען מכות וועל איך דיר געבען.

„איך פון זיין סטראַשען,
האָב זיך דאַן אויסגעלאַכט,
וואָס קען ער מיר טאָן
האָב איך זיך דאַן געטראַכט.

„איך האָב א גרויסע אַרמיי,
און אַזוי פיל וואַפען,
ניין, משה, איז געווען מיין ענטפער,
אידען מוזען בלייבען מיינע שקלאַפען.

„פאַר קיין פאַל
לאָז איך זיי ניט אַוועק פון מיר.
אָט דעם ענטפער, משה.
גיב איך דיר.

„צו ווייסטו, קאַנצלער היטלער,
ווי משה ז'מיר די יאָרען דערגאַנגען ?
געשיקט אויף מיר פינסטערניש,
האָגלען, ווערים, פרעש און שלאַנגען.

„נאָר איינס וועל איך געדענקען
אויף אייביגע דורות —
די שטראָף וואָס ער האָט מיר געגעבען
מיט דער מגפה פון מכת בכורות.

„מער האָב איך שוין ניט געקענט
דאָס אַלעס איבערטראָגען.
איך האָב געמוזט משה'ן
גלייך שיקען זאָגען :

„נעם דיינע אידען
און גיי מיט זיי אַוועק,
הער מיר שוין אויף
צו מאַטערען מיט טויט שרעק.

„איצט, היטלער, מיין לעבען,
דיין גרויסקייט זאָל בליען.
נעם ביי זיי אָפּ דאָס געלט
וואָס זיי האָבען ביי מיר אַנטליען.

„ביי מיינע מצרים,
אין יענע היסטאָרישע טעג,
גענומען ביי זיי גאָלד און זילבער,
און גענומען דעם וועג.

„עס איז נאָך ווייניג די שטראָף —
זייערע ביכער וואָס דו האָסט פארברענט;
נעם ביי זיי אָפּ מיין חוב,
נעם זשע אָפּ מיט פראָצענט.

„אין שפּאַניע די אינקוויזיטאָרען געבעטען,
ווען זיי האָבען אידען אויפן פייער געברענט,
זיי זאָלען פאר מיר מיין חוב אָפּנעמען,
רעכענען פאר דער גאַנצער צייט פּראָצענט.

„און כמעלניצקי'ן דעם קאָזאָק,
אויך געבעטען: שנייד אידען אָהן רחמנות,
נעם ביי זיי מיין חוב, גאָלד און צירונג,
איך וועל דיר שיקען דערפאר מתנות.

„עס איז אוועק שיינע יאָרען
און איך וואַרט און וואַרט;
יעצט פאַרשטיי איך,
אַז די חברה האָבען מיר אָפּגענאַרט.

„אָבער דו, קאַנצלער היטלער,
וועסט שוין מיין פאַרלאַנג דערפילען,
דו שטייגסט נאָך אַלעמען איבער,
ווייסט גוט ווי דיין ראָלע צו שפּילען.

„פון געשעפטען און שטעלעס טרייבסטו זיי,
נעמסט צו דעם ביסען ברויט;
פייניגסט זיי שרעקלאָך
און מאַכסט זיי דעם טויט.

„דאָך הער דאָס איך, פרעה,
וויל דיר ניט פאַרפירען,
מיר דאַכט זיך אַז דו וועסט
ניט קענען לאַנג עקזיסטירען.

„דיינע בלאָפען און דיינע רעדעס
זיינען פאַר דיינע נאַציס שוין באַקאַנט.
היטלער, מאַכסט דייטשלאַנד צו שאַנדע
און באַגראַבסט דיין גאַנצע לאַנד.

„דער באָיקאָט וועט דייטשלאַנד באַגראָבען
מיט אַ גרויסען שווארצען פאָן ;
אַלע אַנטיסעמיטען וועלען וויסען
וואָס אידען קענען טאָן.

„באָיקאָט איז דיין מעדיצין,
וואָס וועט דיר אויסקורירען דיין חולאת ;
וועסט אינגיכען ווערען אויס קאַנצלער,
ווידער פיינטער, נאָר אָהן משוגעת.

„באָיקאָט וועט אייך רואינירען,
ווייל האָסט פאַרלאָרען דיין פאַרשטאַנד.
די וועלט וועט אייך אַלעמען האַסען
און מאַכען אייך צו שפּאָט און צו שאַנד.

„דאַרום פאָלג מיר, מיין פריינט,
לאָז זיי בעסער צופרידען,
ווייל דו וועסט ניט זיין בכח
אומברענגען אַלע אידען.

„איך קאָוויר דיר, מיין פריינד,
אַז נאָך אַלע זאַכען
וועלען זיי נאָך דיר,
ווי נאָך מיר, אַ יום-טוב מאַכען.

„דאָס וועט זיין אַ יום-טוב
ביי זיי דער דריטער —
נאָך מיר פרעה, און נאָך המן׳ען
און נאָך דיר קאַנצלער היטלער“.

"Because I'm loathe to mislead you,
I must predict and warn:
That you can't hope long to exist:
Your pow'r will be shorn.

"Your many speeches and your bluffs,
Made to all your Nazi,
Bring shame ignoble 'pon your land;
Betray that fair country!

"Boycott will Germany e'er long
With a black shroud inter;
All Anti-Semites then will know
How Jews can make a stir!

"Boycott will be the medicine
That will cure all your pain;
Hitler, you will soon be again
A painter, but more sane.

"Boycott will cause your demotion
With your intellect small;
World's opinion will enfold you
With sorrow like a pall!

"So heed my friendly, good advice;
Best let these Jews go free;
To exterminate them all
Beyond your pow'r will be.

"Let me assure you, my good friend,
Your efforts they'll repay,
Just as they did my memory,
With a great holiday.

"This noble Thanksgiving of theirs
Will be their Number Three;
The one for me, and Haman two,
This third, Hitler, for thee!"

"From us, the ancient Egyptians,
In those historic days,
They took our gold and our silver,
Then travell'd their own ways.

"Their books to burn and to destroy
Is not 'nough to beset:
Collect with complete interest
That original debt!

"I begg'd the Inquis'tors in Spain,
When burning Jews at stake,
This debt, and all the interest
Till doomsday to retake.

"And, too, Chmelnitsky the Cossack,
I asked—'Sans pity! Smite!
Recover my jewels and gold,
My gifts will then delight."

"Though many decades have gone by,
While patiently I wait,
I know now that I've been fooled, but
I comprehend too late!

"But you, Oh Chancellor Hitler,
Will grant this one request:
For you surpass them all by far:
You act your role the best!

"When you deprived them of their work,
You took away their bread.
By persecuting all these Jews,
Caused them to cringe with dread.

"My hosts numbered thousands untold,
All armed and very brave;
'No, Moses,' was my sharp reply,
'The Jew must be a slave.

" 'Not under any condition
Will I let them go free,
And this response, Spokesman Moses,
Is your reply from me!'

"Know ye full well, Chanc'llor Hitler,
How Moses made me wail:
By sending us Egyptians lice,
Worms, darkness, snakes and hail!

"The final punishment I got
Will e'er leave me forlorn;
It was that greatest blow of all
When I lost my first-born!

"Those cruel plagues and those punishments
No longer could I stand;
Compell'd was I Moses to call,
And grant him his demand.

" 'Remove, Oh Moses, all your Jews,
Far distant from my sight;
I pray thee, let me rest in peace,
Or I will die of fright!'

"But now, my protege, Hitler,
Renowned may you e'er be,
Just take from them all Egypt's gold
They borrowed but from me.

"So deprived of all their freedom,
So completely enslaved,
That from stark hunger and dire thirst
They all constantly raved.

"Though making them labour and sweat
With mortar and with bricks,
My overseers ever plied them
With heavy blows and kicks.

"When many, fully exhausted,
Like flies fell in the field,
My men would again and again
On their backs the whips wield.

"Faith, ever I deemed them to be
My slaves all eternal:
Who would have thought they'd bring to me
Such mis'ry infernal?

"Came Prophet Moses, their hero,
To free them from their fate,
Who spoke to me in tones not as
Befits Pharaoh the Great.

" 'Egypt will e'er know and recall
For many a sad year
Ten plagues that will be sent to you:
Stark mis'ry minus cheer!'

"But Moses with all his dire threats
Did I jeer and deride;
'He could not do me any harm,'
So quick did I decide.

(RAMESES II — PHARAOH APPEARS)

HITLER:—

"I welcome you with great pleasure,
Egypt's sov'reign of old!
I know that you have always been
An Anti-Semite bold.

"You tortured, you slayed, you scourged them!
Even broke all their bones!
To build your mighty pyramids
Made them drag heavy stones!

"Oh, Son of the Sun-God, tell me:
Has my plan any worth:
To wipe out all of those damned Jews
From the face of this earth?"

PHARAOH:—

"My sage, deep counsel, true advice,
Dear Hitler, you'll not lack;
To us, Jews are as bothersome
As a hump on one's back!

"To decimate and kill all Jews,
I know is your desire;
But, nevertheless, I'm fearful;
To harm you they'll conspire.

"Within my time, for example,
They were so much oppressed:
Their very bodies were then squeezed
To pulp by being pressed!

"You see how they have all manag'd
To raise such loud outcry,
That if your country needs money,
All will a loan deny."

HITLER:—

"Rest assur'd, comrade Haman, dear,
You need not be afraid;
I, Hitler, surely will complete
This plan that I have laid.

"Their boycott will not deter me,
Nor any world-protest;
My action will be only that
Which pleases me the best.

"I will smite and kill all the Jews;
Secret pogroms incite;
Though constantly the whole world may
In loud protest unite.

"Their finest, the flow'r of my land,
The most renown'd and best,
All exil'd from my fair country
To elsewhere find some rest.

"Their books and learning will I burn:
Their good culture erase;
From all their finest, greatest work
There'll not be left a trace.

"Ach, ach, die verdamte Juden!
They're such trouble; I'm sore;
Donner Wetter! Noch Einmal!"
And fell asleep once more.

" 'Tis Kultural, and very good,
Which no one should deplore,
When ev'ry father you order
To drink up his son's gore.

"Lash them! Slay them!
Make them tremble with fear!
Smite them! Strike them!
When they e'en shed a tear!

"Punish them all, my enemies;
Avenge my loved ones;
Hang'd was I on the tall gallows
With all of my ten sons!

"Do not show them any mercy!
Of compassion deprive!
If you can possibly do it,
Just bury them alive!

" 'Tis well that you do not permit
Them to leave your fair land;
To hound all these Jews unto death,
They must be near at hand.

"Confiscate all their lands and wealth;
E'en take away their bread;
So by committing suicide,
Some Jews then will be dead.

"Nevertheless, my German friend,
To my words lend an ear;
If you will just heed it closely,
You'll have no cause for fear.

## HITLER'S DREAM

On a soft and downy divan,
While Hitler lies asleep,
A vision in his dream appears
As only he could reap.

A noted personage is seen
Who from the spir't-world flew;
With arm raised in Nazi salute,
Nigh to the sleeper drew.

HAMAN:—

"Hello, renown'd Hitler, hello;
My greetings of the day;
I've made this trip to visit you
From very far away.

"My dear fam'd German Chancellor;
Your recent gracious deed
Has earned for you my great respect
In following my lead.

"Though I, Haman, of olden time
Have been long dead and gone,
Yet my spirit will ever live
To assist you anon.

"To harass and oppress the Jews
Is my eternal work;
It was ever my lifelong aim
Which I still do not shirk.

"My dear Chancellor, just listen;
To my advice give heed;
You do well to punish the sire
For his son's ev'ry deed.

# *HITLER'S DREAM*

By

B. MORGENSTERN

Translated by

William H. Schreiber

BOYCOTT NAZI GOODS!